א

# מיין היים

## אין ראָמאַנעווע

אַ געסל — לאַנג און קרום און קויטיק,
גרינע זשאַבעס ווײַנען אין קאַנאַווע.
שלייכן שאָטנס — איינגעקורטשעט, צויטיק,
טאָפּטשען אין די בלאָטעס איבער די כאַליאַווע.

שטיבעלעך — הכנעהדיק געבויגן,
אויסגעשטאַנען שטורעמס, זאַווערוכעס; —
גלאָצן זייערע שייבעלעך, ווי קראַנקע אויגן,
און עס שטעלן־זיך קאַפּויער צעפּליקטע סטריכעס.

קלעצער נישט־געטיעשעטע, מיט מאָך באַוואַקסן,
די פאָדלאָגע — האַרטער, געלער ליים.
די מאַמע שפּינט פון פּראָסניצע די פלאַקסן,
דעם דלות צו פאַרדעקן אין דער היים.

די שוועסטער לאה איז שוין אַ מאָדיסטקע.
פון פאַסאָן־זשורנאַל זי נייט אַ טואַלעט;
און עס העלפט אין שטוב אויך צו די יינגסטע —
נייט און צערעוועט און וואַשט דאָס גרעט.

דער טאַטע מיט תלמידים האַלט אין קנעלן,
כאָטש אויפן פּריפּעטשאָק קיין פייער ברענט; —
איך הער זיין ניגון און אַלץ העלער, העלער,
ווערן די פאַרחושכטע פיר ווענט...

# פרייטיק צו־נאַכט

דער ניגון, די ווערטער — באַטעמטע,
מ׳איז מעביר די סדרה מיט טראָפּ.
די זון אַ צעגליטע, צעפלאַמטע,
הינטער גערטענער לאָזט זיך אראָפּ.

עס טראָגט זיך דער ניגון אַלץ ווייטער,
פון יעטווידן יעקבס געצעלט.
אַ סטאַדע מיט מילך־פולע אייטער
ברענגט די ריחות די פרישע פון פעלד.

די קרעמער פאַרמאַכן די קראָמען,
פאַרלייגן אַן אייזערנעם פרענט.
מען איילט זיך צו לויבן זיין נאָמען
אין שול, וואו דער בליצלאָמפּ שוין ברענט.

די בערד און די פיאות געצוואָגן,
אין העמדער אין קלאָרע פון ליין; —
מען גייט לכו נרננו זאָגן,
פרינצעסין שבת מקבל צו זיין.

די מאַמע די ליכט האָט געצונדן,
פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט די הענט;
און דער, וועלכער היילט אונדז די וואונדן —
מיט שלוה פילט־אָן די פיר ווענט.

שלום עליכם, מלאכי השרות —
נישטאָ איז אויף קידוש קיין וויין; —
ביים אָרעמען טיש זינגט מען זמירות
און דער דלות שבתדיק שיינט — — — — —

# שבת צו־נאַכט

אַוועק גייט דער הייליקער שבת,
די וואָך מיט איר זאָרג קומט אָן שווער.
די מאַמע זאָגט „גאָט פון אַברהם"
און עס קייקלט פון אויג זיך אַ טרער.

מען זיצט אויף די פּריזבעס, אויף גאַנקעס,
אין יאַרמלקעס, שאַלן אויף די קעפּ.
כלות ביי פּענסטער־פירהאַנקעס
טרוימען און פלעכטן די צעפּ.

פון שניידערשן שולכל דערנעבן
טראָגט זיך אַ טרויעריק קול:
— מישטיינס געזאָגט, וואָס איז דאָס לעבן?
אין גיהנום ט'מען בראָטן אַמאָל!

עס שיינט די לבנה — אַ זילבערנער קרייז
און שטערן אין רוים שימערירן.
דער קרעמער דער ערשטער אין מאַרק זיך באַווייזט
און ער עפנט פון קרעמל די טירן.

עס זאַמלען זיך גרופּקעס, מען רעדט פּאָליטיק,
דאגות פּרנסה און וועטער.
יעטווידער איינער וויל כאַפּן אַ בליק
אין די נייעס: — וואָס שרייבן די בלעטער?

די אַרבעטער־„בירזשע" לעבט איצטער אויף,
מען הערט נייע ווערטער און לידער:
— ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט!
און מען רופט „עס לעבע!" און „נידער!".

די יוגנט פאַרשטייט שוין ווי קאָנספּיראַטיוו
דאַרפן זיך אַרבעטס־לייט פירן; —
גייט מען זיך פאַרנוויז, אומשולדיק, נאַאיוו,
צום אַלטן בית־עולם שפּאַצירן.

מען קריגט דעם „פּאַראָל“, מען הערט אַ סיגנאַל:
— צום סאָסנע־וועלדל „סטאַרינקע“.
גיבן זיך אויגן אַ העלן צעשטראַל
און מען שטעלט שוין די טריט איצטער פלינקע.

אין וואַלד, אין אַ קרייז — אַ געשלאָסענע קייט,
אַ רעדנער טוט מען דערוואַרטן.
— ער קומט שוין, חברים, ער גייט שוין, ער גייט...
צי ברענגט ער דאָס וואָרט, דאָס געגאַרטע?

און ביז ער הויבט אָן, ווערט אין וואַלד אַזוי שטיל,
און מען הערט ווי די שישקעס זיי פאַלן.
עס קלאַפּט וואו אַ פּיקהאָלץ, עס גרילט וואו אַ גריל
און שטערן געהיימניספול שטראַלן.

ער רעדט און די ווערטער זיי זענען מוזיק,
זיין קול איז מיט מוט און מיט גלויבן.
— נישט ווייט איז דער מאָרגן פון פרייהייט און גליק! —
פלאַטערן הערצער דערהויבן.

שטיל, ווי געקומען, צעגייט מען זיך שטיל.
די רעדע אין האַרצן זי וואַרעמט.
אַ בחור זיין מיידל נעמט אַרום מיט געפיל,
אַ קוש און מען גייט שוין געאַרעמט.

די זשאַבעס זיי קוואַקען אין זייטן פון וועג,
עס דרימלט דאָס שטעטל פון וויטן.
מיר גייען אַנטקעגן צו ליכטיקע טעג,
מיר גייען צו בעסערע צייטן...

## חנוכה

ליכטעלעך קלייניקע,
פלעמעלעך רייניקע,
דערמאָנען פאַרשוואונדענע צייטן,
דערמאָנען מיין היים פון דער ווייטן.

אַ שטיבל אַן אַלטינקע,
אַ ווינטער־נאַכט קאַלטינקע,
עס בלישטשעט דער פראָסט אויף די שויבן
און ס׳בלישטשעט אין אויגן דער גלויבן.

עס ברענען די ליכטעלעך,
עס שיינען די ליכטעלעך.
„על הניסים" דער טאַטע עס זינגט
און חנוכה־געלט עס קלינגט.

דער פעטער שוואַרץ־ברעמיקער
די באָרד פאַרשנורצט קריגעריש;
— שאַך!... — רופט ער צום טאַטן
פריילעך און זיגעריש.

די מאַמע די טייערע,
ליב אומגעהייערע,
פאַרפאָרעט ביים פייער וואָס קנאַקט:
זודיקע לאַטקעס זי באַקט.

און יינגל און מיידל,
מען שפּילט איצט אין דריידל,
דאָס דריידל „דאַוונט“ געוויס
און ווער עס געווינט, דער קריגט ניס.

אָט דרייט עס זיך ווידער,
אָט פאַלט עס אַנידער,
די אותיות זיי פאַנגען דעם בליק:
פאַר ווען שפּילט איצטער דאָס גליק? . . .

ליכטעלעך קליינינקע,
פלעמעלעך ריינינקע,
איר ברענט שוין נישט מער אין מיין היים,
אין שטיבלעך פון האַלץ און פון ליים.

דער על הניסים
ועל הנפלאות
אין שטעטעלע איז נישט געשען,
דאָס שטעטעלע וואָס איך באַוויין.

# חמשה־עשר בשבט

דו אַלט־קאַלטער ווינטער,
דו אַלט־גרויער שניי,
דיין סוף איז געקומען,
פאַרנעם זיך און גיי.

געווג שוין געלעגן
אויף בוים און אויף דאַך,
געווג שוין געשלאָפן,
דער פרילינג דערוואַכט.

אונטערן מאַנטל
פון שניי און פון אייז,
שפּראָצן שוין קערנער,
בלומען און שפּייז.

די זון־שטראַלן שפּינען
פון פרילינג אַ טרוים
און ווינטלעך פאַרטרויען
אַ סוד יעדן בוים.

ס׳איז ניי־יאָר היינט קינדער
ביי בוים און ביי פלאַנץ; —
זינגען מיר לידער
און גייען אַ טאַנץ.

גרעזעלעך גרינען,
דער מאַנדלבוים בליט
און ס׳פּוצן־זיך סעדער
אין ווייס־ראָזן צווייט.

צי ווייסן די בוימער ?
צי ווייסט יעדעס בלאַט,
אַז ס׳איז זייער ניי־יאָר,
חמשה־עשר בשבט ?...

# רעגן

אַ בייזער רעגן ליאַפּעט
אויף געסלעך בלאָטיק, גרוי.
פון דעכער, בוימער קאַפּעט
טאָג און נאַכט אַזוי.

קרייען הענער נאַסע,
הייזעריק, פאַרקילט.
צו כמאַרעס, צו די בלאָטע
אַ בלודנער הונט עס בילט.

קינדערלעך דורך פענסטער
קוקן צו דער גאַס:
עס שלייכן זיך געשפּענסטער,
די גאַנצע וועלט איז נאַס.

קען זיין אַז ס'האָט דער רעגן
פאַרלאָשן שוין די זון
און טאַטעס אויף די וועגן
ווייסן נישט דערפון — — — —

## האַרבסט

וואָיען ווינטן איבער פעלדער,
קעלטן קומען אָן פון צפון.
בוימער אין די סעדער, וועלדער,
גרייטן זיך צו ווינטער־שלאָף.

לעצטע בלעטער פאַלן שטומע,
שטאַרן צווייגן הויל און נאַקעט; —
נאָכן זומער, נאָכן זומער! —
שרייט אַ קראָ און סומנע קראַקעט.

ציען פייגל גאַנצע סטאַיעס
צו די לענדער, וואו ס׳איז זומער.
מענטש און חיה זיך פאַרטייען
פאַרן ווינטער מיט זיין קומער.

## פרילינג

עס פלאַטערט אַ פרילינג אַ פרישער,
די וואָלקנס פאַרוויינטע פאַרשווינדן;
דאָס גרינוואַרג גייט-אויף אין די גערטנער
און בוימער מיט בליטן זיך צינדן.

דער שניי אויפן באַרג נאָך ער פינקלט,
נאָר אַ שטראָם רוישט אין טאָל אין דעם שטילן;
און וואַרעמע ווינטעלעך ווייען
פון מאָכיקן וועלדל פון קילן.

עס טוליען זיך טויבן און וואָרקען,
עס מעקעט אַ קו ביי דעם ברונעם;
אַ האָן קרייט און רופט זיינע הינער:
זעט, קערנדלעך האָב איך געפונען...

טשערעדע-גלעקלעך קלינגען
אויף זאַפטיקע לאָנקעס און ברעגן;
גאָלדענע בינען זיי זשומען
און זויגן פון בלום דאָס פאַרמעגן.

עס זינגט די קאָוואַדלע אין קוזשניע,
מען שמידט שוין די אַקערס, די סערפּן.
ביי דער כאַטע, אַן אַלטינקער זיידע,
די זון דערוואַרימט זיין קערפּער.

עס האָצקען זיך פויערשע פורלעך,
מיט בלומען פאַרפּוצט חתן-כלה.
די מחותנים זיי זענען באַטרונקען
און הייזעריק שרייען דאָרט אַלע.

אויסגעקאַלכט איז שוין די כאַטע
און ס׳וואַרט דאָרט דער טיש אַ געגרייטער
און שיעניקעס שטרוי פאַרן פאָרל
און פאַר די דורות באַנייטע.

# גאַרבן

ווען די מאַמע פלעגט דערלאַנגען
דעם טעלער קרופניק אָפּגעקאָכט „מיט נישט“, —
האָב איך אין אירע אויגן באַנגע
דערזען איר לעבן, וואָס איז וויסט.

ווייל אין שטוב זענען געווען
מיילער הונגעריקע זיבן
און פון טאַטנס אָפּקנעלן אַ זמן,
איז זאָרג און דלות איר געבליבן.

בין איך גאָר יונג אַוועק פון שטוב,
געגעסן „טעג“ ביי פרעמדע טישן.
געלערנט תורה און אויף האַרטער באַנק
געשלאָפן מיט אַ פּויסט אָנשטאָט אַ קישן.

אַז געוואַנדערט כ'האָב פון לאַנד צו לאַנד,
איז מיר דער דלות תמיד נאָכגעגאַנגען.
צו וואָס איך האָב נאָר אויסגעשטרעקט מיין האַנט,
האָט ער עם פלינקער נאָך געפאַנגען.

ווער עם האַנדלט, ווער עם בויט,
ווער עם זייט און שניידט די זאַנגען ; —
מיך האָט דער גורל אָנגעטרויט
בלויז יידישע געזאַנגען.

כאָטש לידער וואַקסן נישט אין פעלד,
בינד איך זיי אַצינד אין גאַרבן ; —
אפשר וועט נאָך אויף דער וועלט
אַ דור אַ יידישער זיי אַרבן ? —

# ים אָקיונוס

.1

ים אָקיונוס! ווי שיין און שפּעדיק ביסטו צעגאָסן.
דיין אייביקייט איז מיט טראַציקייט געלאָדן.
אין תהו חלל האָסטו זיך צעפלאָסן
און שטראָמען זודיקע און קילע קרייצן דורך דיין באָדן.

.2

דיין טיטאַנען־בויך באַפרוכפּערט איז מיט זריעה שוואַנגער,
באַלאָדן איז דיין ערטראַכט מיט עמבריאָ פון בורא:
אין דיין וואַסער־גוף פעכטן פיש און פאַנגער
אין אייביקן געראַנגל קעגן הונגער־מורא.

.3

דיינע ווילדע וואַסער־וועלן שלינגען שיפן איין,
ווי הונגעריקע וועלף, אומבאַשיצטע לאַמען.
נאָר זאַמדיק, שטילע ברעגן, צאַמען איין,
דיין אומרו און צייכנען דיינע צאַמען.

.4

אין דרום־לאַנד אָטעמסט דו מיט טייפון און מבול־רעגן,
דיינע אינדן גלעטן גרינע אינדזלען, און פעלזן פיאָרדן
קאַלטע צפון־ווינטן גליווערן דיינע פּאָלאַר־וועגן,
און שפּאַרסט־אָן דיין קאָפּ אין ווייסן קישן פון דעם פּאָל אין נאָרדן.

5.

פעלקער שעפּן שפּע פון דיין ברייטן בוזים,
שורות שיפּן שנורעווען גרענעצלאָזע, גלאַטע שליאַכן
סנאָפּעס שטראַלן קערן שטיפּער־אינדן מיט אַ ברייטן בעזים
און שטערן ווייזן וועגן אָן פאַר זעגלער און... וואַכן.

6.

פּאָנען פלאַטערן אויף מאַסטן פון שווימענדיקע קאַראַוואַנען.
איך האָריזאָנט פאַרוואָרפן האָט אַ וואַסער־שנור צום צווייטן,
ס'זיינען דיינע צייכנלאָזע וועגן באַקאַנט צו קאַפּיטאַנען,
דער מילך־וועג מיטן גרויסן בער דיין אייביקייט באַגלייטן.

אויך איך האָב זיך געלאָזט אויף באַראָט פון דיינע כוואַליעס
און האָסט געלאָזן קומען מיר צום ברעג בשלום,
איצטער זינג איך דאָ צו דיר אַ שיר־המעלות
און על פּני המים שוועבט אַרום מיין חלום...

# ים מאָטיוון

.1

אויפן גרינעם וואַסער שפּיגל
ציל באַוואוסט און זיכער,
ווי אַן אָדלער אויף די פליגלען
שווימט די שיף זיך גיכער.

ווערט ראַש די שיף געטראָגן
אויף די כמורנע, בייזע וועלן
וואָלקנס פאָלגן נאָך, און יאָגן,
אין דעם הימל, בלויאיק־העלן.

ווילד און שוימיק, זידט דער ים
שטאַרק און צאָרנדיק, איז זיין ברויז
פול מיט קראַפט, און יוגנט פלאַם
איז דער אַלטער, וואַסער גרויז.

קיינער טראַכט ניט, איצט פון טויט
פולסירט דער לעבן, פריי־און־פראַנק
צו געניסן איז יעדער גרייט
ביז דעם לעצטן כוס געטראַנק...

— — — — — — — — — —

העט ווייט, שווימט אַ שיף אין אָקעאַן
פיל שפּראַכן געמיש און הויטן קאָליר
די גרויס נאָר אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן
דער אָפּגרונט, אַ טראָט פון דער טיר...

2

וואַסערן, ווייס און שוימיק
פליסן ווייט און רוימיק, —
פלאַכן זילבער־גרוי,
טונקעלן בלייאיק־בלוי.

רוישן גרויליק וועלן
אין זונענשיין אין העלן.
זילבער־טייכן פליסן, —
אין טיפן אָפּגרונט גיסן.

חושך־תהומען זינקען,
גרונטן רייצנד ווינקען,
כישופדיק צו מיר
סודות אָן אַ שיעור ...

# אין שפּיל

שוימען פּאַליעס — קלאָר ווי שניי
שווימען ווייטע ווען,
געפּילדערדינג פּאַרשווינקען זיי
די זאַמדיק שטילע ברעגן.

יאָגט אַ כוואַליע חוצפּה׳דיק
פּאַלט און ווערט צושאָסן,
און קניט צום ברעג הכנעה׳דיק
אין שפּריי־רעגן צוגאָסן.

ליגט דער ׳סטאַטיק׳ סאַמעט־ברעג
גלאַט צושפּרייט פון נחת.
און טראַכט פון אַלטן וואַסער „קלעק״
פון זיין אייביק טאָן צו־להכעים.

כאַפּט אַ כוואַליע פלינק אויף זיך
אַ מיידליש העל געלעכטער,
און טראָגט צום ברעג אים אויף דער גיך
ווי אַ געטרייער וועכטער.

געשיקט אַ כוואַליע האַרבעט קרום
און טראָגט אַ שווימער מונטער,
און גלעט זיין קערפּער רונד־אַרום
געברוינט פון זונען צונטער.

טאַנצן אינדן קאַראַהאָד
צום טאַקט פון זונען געזאַנגען,
און כאַפּן קינדער אינם ראָד
פון זאַמדיק ברעג געפאַנגען.

טרייבט דער ים אין וועט־געלויף
צום ברעג די יונגע וועלן,
בלייבט פון זיי אַ שוים פון זייף
און שנורן פון קאַרעלן...

ב

# אין אַמעריקע

## אַ דאַנק

אַ לויב צו דיין הייליקן נאָמען
פאַר אַלץ וואָס מיר האָבן אַצינד:
פאַר שפע אין שפּייכלערס, אין קראָמען,
מחיה פאַר קינד און פאַר רינד.

אַ לויב דיר, באַשעפער פון וועלטן
פאַר זיידנס, פאַר פלאַקס און פאַר וואָל,
פאַר שלום, פאַר פרייד פאַר צעהעלטער,
פאַר קופּער, פאַר בליי און פאַר שטאָל.

פאַר פרייהייט אין אונדזער מדינה,
פאַר מוטיקייט, ווירדע און גלויבן; —
אַ דאַנק פאַר דער חכמה און בינה,
מיט וועלכער דו האָסט אונדז דערהויבן.

# אינדערפרי

פאַרחלשט די גאַסן נאָך ליגן
נאָך שטיקנדער, שלאָפלאָזער נאַכט,
און עס קרעכצן שוין טירן און שטיגן —
עס האָבן שוין מענטשן דערוואַכט.

עס ליגט נאָך דער שלאָף אויף די וויעס,
דער רוקן נאָך נישט אויסגעגלייכט; —
מען טראָגט זיך דורך גאַסן, ווי קריעס
אויף אַ פרילינגדיק-שטראָמיקן טייך.

אין סאָבוועים אין ענגע זיך דריקן
צוזאַמען די אַרבעטער-לייט.
עס וואַרטן דאָך שעפער, פאַבריקן,
און מיט געלט ווערט געמאָסטן די צייט.

# אין שפּאַן

דורך די שטעט און דורך די גאַסן,
שפּאַנען מענטשן, שפּאַנען מאַסן,
פרוי און מאַן.
ווער — מיט פרייד פון בויען, שאַפן,
ווער — מיט יאָך פון טעמפּע שקלאַפן,
גייט אין שפּאַן.
ווער — צו לאַסט־שיף, ווער — צו יאַכטן,
ווער — צו לוסט און ווער — אין שאַכטן,
אין פאַבריק.
איינער קרעצט־אויס זיינע וואונדן,
איינער זינגט־אויס זיינע שטונדן
פול מיט גליק.
דורך די שטעט און דורך די גאַסן,
שפּאַנט די צייט אויך מיט די מאַסן,
ס׳גייט אַ יאָרן־קאַראַוואַן.
פאַלט אַ גייער, קומט אַ צווייטער
און אין זעלבן קרייז אַליץ גייט ער
אין דעם שפּאַן.

# טשעין־גענג

(רשע למה תכה רעך?)

קלינגען רינגען, שווערע קייטן,
הענט און פיס פאַרקלאַמערט,
זיי האָט אַ ברודער איינס צום צווייטן
געקאָוועט און פאַרהאַמערט.

בויען וועגן הענט און רידל,
די פיס אין מאַטער־אייזן,
זייער שכר איז שמיץ און זידל;
מיט זאַמד־געמישטע שפּייזן.

די געבראַנדעטע און ברענדער,
געווען אַמאָל דאָך ברידער.
אי דער קרבן, אי דער שענדער —
פון אָדם־שטאַם נאָר גלידער.

און די שמידער פון לייב און שלעסער
ברענען ניט פון שאַנדע: —
— צווינגען יענעם ווערן „בעסער"
מיט קנעכטישער קאָמאַנדע.

קלינגען רינגען, תפיסה־קייטן,
פייפט די רוט פון שומר,
טויטע קללות שטיל באַגלייטן
די צעווילדעוועטע צוימער.

און ווען אויסגעמאַטערט קראַנקע גלידער
רוען שווער אין שפּעטע שעה'ן,
דאַן וויינען קייטן טרויער לידער,
און שאַקאַלן וואָיען, וואָיען...

דריקן קייטן, פּרעסט אַ טרויער,
די מענטשן, קינדער פון איין מאַמען.
ס'איז דער היינט אַ וויסטער גרויער,
אַ מאָרגן אויפגיין וועט אין פלאַמען!

# דאָס ליד פון דלות

דלות, ד־לות, די־דל־דו — —
פייפט דער דלות פריילעך צו.
אין אַ פינצטער קאַלטן שטיבל,
אָן תּרעומות, אָן פאַראיבל —
שטיל, באַשיידן, אָן אַ זידל —
זינגט דער דלות זיך זיין לידל:
דלות, ד־לות, די־דל־דו — —

נויט־דו, נוי־דו, נוי־דו־־דו — —
זיפצט די נויט איר לידל צו.
דורך די צאַרטע אויגן־ברעמען,
שפּאַרן טרערן זיך און שעמען
פאַר דער גאַס, זי זאָל ניט הערן,
ווי דער דלות העלפט איר גערן
אונטער זינגען:
נויט־דו, נוי־דו, נוי־דו־דו — —

עלנט, על־נט, על־נט־דיק — —
שלייכט דורך אַ גוף זיך ציטערדיק.
ביטער שמייכלען בלייכע ליפּן.
אויגן — זוכן הילפלאָז, זיפן —
ערגעץ וואו אין ווייט אַ פריינט,
טיילן כאָטש מיט אים דעם היינט.

נאָר עלנט קלינגט אין טראָטואַר,
מיט טריט פון פּיין — טריט פון צער ! —
דאָס גרויע ליד פון
עלנט, על־נט, על־נט־דיק — — —

הונגער, הונ־גער, הונ־גער־דיק — —
שניידט די גאַס אַ הונגער־בליק :
„— איך קען ניט מער אין הונגער וואַרטן,
אַ שטיקל ברויט כאָטש אַ פּאַרדאַרטן !"
און אין דער פלאַך־פאַרצערטער ברוסט,
כריפּעט צו צום טאַקט דער הוסט :
„— אפשר וואַרפן זיך פון בריק,
אָדער גאָר — אַ צי דעם שטריק ?
נאָר דלות פייפט צו אים צוריק :
הונגער, הונ־גער, הונ־גער־דיק — —

אומקום, אום־קום, או־מע־טום — —
אין דער גאָרער וועלט אַרום.
אין די אויגן הינטיש שטום —
אין דעם חיהש ווילד־געברום —
רעוועט הילפלאָז : „איך־קום־אום !"
פייפט דער דלות, פייפט דער נאַר —
מיט זיין פייפל דאַר און קוואַר —
דאָס שטומע ליד פון
אומקום, אום־קום, או־מעט־טום — —

## עלנט

אין דער רוישעדיקער שטאָט
שלייכט דער עלנט איינגעבויגן ; —
וואָס-זשע זוכן זיינע אויגן
און זיין שאָטן און זיין טראָט ?

מענטש — אויף ערד, אין הימל — גאָט,
איינער זוכט אַרום דעם צווייטן
און ער גרייכט אים נישט, ווייל קייטן
צאַמען שווער זיין יעדן טראָט.

גרויע גאַסן, הימל גרויער
און די טעג זיי זענען גרוי ; —
שפּאַנט דער עלנט אָט אַזוי
פאַרביי פענסטער, טיר און טויער.

# טעג פֿאַרמאַטערטע

יאָרן מערן זיך
און כוחות ווערן זיך —
ווילן נישט פֿאַרגיין.
עס ווילט זיך יונג נאָך זיין,
געניסן זונען־שיין,
געניסן אַלץ וואָס שיין.

נאָר טעג פֿאַרמאַטערטע
און נעכט געפּטורטע
זיי רוקן זיך אַוועק.
אַ טרוים געצונדענער
ווי רויך־פֿאַרשוואונדענער —
איך קוק זיי נאָך מיט שרעק.

## וועגן פון שטיין

ס'האָבן מענטשן די ערד אויסגעפּלאַסטערט,
מיט שטיין און מיט אייזן געשמידט;
איצט בלאָנדזשען זיי אום און זיי זוכן
די שפּורן פון זייערע טריט.

בענקט איצט נאָך ערדישער קילקייט
און זאַפטיקע גראָזן דער טראָט,
נאָר אַלץ איז פאַרדעקט מיט אַספאַלטן
און אַלץ האָט פאַרמויערט די שטאָט.

דער נעכטן, דער טרוים און דאָס שטרעבן,
איז איצט פאַרגליווערט אין זיי; —
איצט זוכט איר אַמאָליקע וועגן
און ס'פּילט נישט דער שטיין אייער ווײ.

# זוכט דער מענטש

נאָך טעג פֿאַרזונקענע אין טומאה,
נאָך נעכט פֿאַרטרונקענע אין שפּאָט, —
זוכט דער מענטש אַ נייע תקומה
זוכט דער מענטש אַרום זיין גאָט.

אין אַ מאָרגן אין אַ בלאַסן
ער הערט אַ שטים און ער בלייבט שטיין:
— זוך נישט גאָט איבער די גאַסן,
נאָר אין האַרץ ביי זיך אַליין.

ווערט ער פּלוצלונג וואַך און ניכטער,
לויטער, שמייכלענדיק — זיין בליק.
די שטאָט זי בלענדט מיט העלע ליכטער
און פֿאַר זיין טראָט עס ליגט דאָס גליק.

## אין שענק

זיצן צוויי עלנטע נאָך אַ טאָג פֿול מיט מי,
ביים טישל די פֿלעשער ליידיק צום דנאָ.
די אויגן פֿאַרלאָשן. געעלטערטע פּרי.
זיצן און שווייגן אין נאַכטיקער שעה.

פֿאַרטרונקען די פּיינען פֿון ביטערן טאָג.
געבליבן נאָר סענטן אין ליידיקן טאַש,
פֿאַרטרונקען דעם מאָגערן לוין און פֿאַרמאָג.
איצט שטומען אויך ליידיק גלעזער און פֿלאַש.

אין טומל פֿון טרינקערס און רויכערס אַרום,
ווער קען זיי, ווער זעט זיי — ווי קיין מאָל ניטאָ.
עס צימבלט דער שפּילער מיט גרילץ און מיט ברום,
נאָר קיינער זעט קיינעם אין שיכורער שעה.

עס דליבעט אין מוח נאָגיקער צער:
און מאָרגן וועט זיין ווי היינט אַזוי לער?
די אייביקע פֿראַגע פֿון עלנטן נאַר
פֿאַרגייט אינעם רויך אָן ענטפֿער ניט מער.

און עלנטע זיינען דאָ אַזוי פֿיל.
אין דומפּיקן צימער, באַזויפֿן פֿון סם,
ווי שאָטנס פֿאַרשטומטע אין רויך איינגעהילט,
זיי צאַנקען און צערן אין אייגענעם פֿלאַם...

# אַ נאַכט אַזאַ

דער דרויסן האָט נישט וואו זיך צו באַהאַלטן
פון מבולדיגן רעגן פון דעם קאַלטן.
אַן אויסגעווייקטע, ביזן לעצטן שטיינדל נאַס,
קורטשעט עלנט זיך די גאַס.
ווערט די שטאָט אַלץ גרויער, גרויער,
הילט זיך איין אין נאַכט,
ווי איך — אין טרויער.
אַ בוים מיט צווייגן נאַקעטע טאַפּט די ווענט,
ווי אַ בלינדער מיט די בלייכע הענט.
ער קרעכצט, דער בוים, ווי פון אַ פּיין.
אַ הונט ער בילט זיין עלנט אויס. —
צי וויינט די וועלט אין נאַכט אַריין?
צי וויינט עס גאָר פון מיר אַרויס?

נאָר פּלוצלונג האָט אַ בליץ
אַ מעסער אין דער נאַכט אַריינגעשטאָכן.
קוילערדיקע דונערן זיך טראָגן
אויף אַ פייערדיקן וואָגן
און זאָגן־אָן אַ ליכטיקן נצחון:
אָט באַלד, אָט באַלד
וועט נעמען טאָגן!...

# אין מדבר

דאַר און קוואַר ס׳לעבן ווי אַ מדבר־דאָרן,
גרויע טעג ווי זאַמד צעשטויבט אויף טויטע ברעגן,
און שטורעמס רייסן, פליקן שטיקער יאָרן —
הפקרדיק צעשפּרייט אויף אַלע וויסטע וועגן.

און אָפט, מיראַזשן וואונדערלעך באַפאַלן,
נאַרן אָפּ פאַרפירערריש די מידע אויגן,
דאַן ריזלען פרישע וואַסער־קוואַלן —
אין יעדער פאַלד פון רעגן־בויגן.

נאָר ווען־ניט־ווען אין מאָרגן גרוי, אַזוי זיך
אַנטפּלעקן זיך אין פלאַכער וויסטע —
ווערט מדבר־גרוי פאַרווישט, פאַרגעסן,
אין רגעס זעלטענע, פאַרזיסטע.

דאַן גרינט און צוויטעט יעדער טאָג,
שעהן בליען אויף ווי פרילינג בלומען,
דאַן שפּרודלט פרישע פרייד אָן מאָס אָן וואָג, —
אַזוינע טעג ניט אָפט אין מדבר קומען...

## וואו איז די פרייד?

וואו איז די פרייד פון די יינגלשע טעג?
דער טרוים וואָס געווען מיר פאַרטרויט?
וואו איז דער רידל, דער האַמער און זעג,
מיט וועלכע כ'האָב שלעסער געבויט?

וואו זענען די וואַכזאַמע, ליבנדע אויגן,
די טרייע, די צערטלעכע הענט?
די לידער פון האָפענונג, מוט און פון גלויבן,
דער פלאַם וואָס אין האַרץ האָט געברענט?

ווייט, אַזוי ווייט אַלע ליבע געשטאַלטן,
וואָס טויכן אין חלום בלויז אויף.
אויפן גרונט פון זכרון זיי ליגן באַהאַלטן
און זעלטן זיי שווימען אַרויף.

## פון מיין קוואַל

טרוימען פאַרלאַנגען,
און קלאַנגען, געזאַנגען,
זיי קומען מיר אָפט צו באַזוך ;
און האַלטן מיט צוואַנגען
מיין וועזן געפאַנגען —
אַ ברכה פון גאָט צי אַ פלוך ?

איך ווער זיך כסדר,
און גיב זיך אַ נדר,
ניט ווערן פון זיי מער פאַרפירט ;
דאָך ווען נאָר זיי קומען,
מיט אומרו, מיט שטומען,
מיין ווילן פון זיי ווערט פאַרווירט.

דאַן קען איך געפילן
ניט פאַרשטעלן, פאַרהילן,
זיי פליסן מיט אימפעט אַליין ;
זיי קומען און גייען
מיט פריידן און ווייען —
איך קען דעם באַדייט ניט פאַרשטיין.

און צייטנווייז פיל איך
זיי ווערן פאַרטרוילעך,
און ריידן די שפראַך פון מיין בלוט ;
און זיי ברענגען און גיבן
מיין לעבן, דעם טריבן,
גלויבן און זעלישן מוט.

# אַ תּפֿילה

זאָל די וואָר מיך ניט פֿאַרפֿירן,
איך וויל מיין חלום ניט פֿאַרלירן.
טרוימען שטאַרקן מיינע גלידער,
גיבן וויזיע מיינע לידער.

כ׳וויל געפֿילן און באַגערן,
ניט דערשטיקן, ניט פֿאַרוווערן,
ווייל די גרויע וואָר פֿון לעבן
קען בלויז צער און פּיינען געבן.

זינגען וויל איך פֿון פֿרייד און לעבן
מיינע טרוימען — שפּינען, וועבן,
ווייל איך חלום אוים מיין זינען
אין מיין שטילן לידער שפּינען...

## רושטאָוואַניעס

רושטאָוואַניעס — שמאָלע ברעטער,
שיבעלניצעס — קלעטער, קלעטער,
הויבט מען ליים און הויבט מען ציגל,
רערן, טירן, פענצטער, ריגל.

רעדער שטשירען מיט די ציינער,
עגבערס עגבערן אין שטיינער,
שפּאַלטן פעלזן, שפּרינגען, שפּרינגען
און מאָטאָרן קלאַפּן, רינגען.

פּאַסן לויפן איבער וואַלצן
און זיי דריקן און זיי האַלדזן:
— גראָבט פאַר נייעם פונדאַמענט,
גראָבט פאַר וואָלקנקראַצער-ווענט.

גאַסן הודזשען אומגעהייער,
פונקען שפּריצן, גיסט זיך פייער.
מיש-מאַשינען בייכיק דרייען,
שלינגען שטיינער און פּאַרדייען,

שלינגען וואַפּנע, זאַמד און וואַסער
פּאַר אַ בנין — קול מבשר...
מוליער, שמידער, סטאָלער, בלעכער
הויבן שטאָקן העכער, העכער.

דרייט מען שרויפן, ציט מען רערן,
דראָט פּאַר ליכט און קראַפט און הערן.
פענסטער־לעכער שטום, דערשראָקן,
גלאָצן שוין פון הויכע שטאָקן

שרעקט זיך נישט און האָט נאָר גלויבן, —
ס'קומט דער גלעזער מיט די שויבן
און דער סטאָלער מיט די ראַמען
און דער דיכטער מיט די גראַמען...

צו באַזינגען און צו בענטשן
מי און מוט פון אַרבעט־מענטשן,
וואָס שאַפט היימען, ליכט, מוזיק
און באַקוועמלעכקייט און גליק.
רושטאָוואַניעס — שמאָלע ברעטער,
שיבעלניצעס — קלעטער, קלעטער — — — —

ג

# דו...

## חלום מיינער דו...

אָ, ווייטער חלום מיינער, דו...
אָפן איז מיין האַרץ פאַר דיר,
ווי געבליבן אָפן איז די טיר,
ווען ביזט אַוועק צוזאַמען מיט מיין רו.

עס איז דער טיש נאָך אַלץ געגרייט
און ס'וואַכט מיין אויער פאַר דיין טריט.
מיט דיר צוזאַמען קומט די פרייד,
עס קומט דאָס שענסטע ליבעס-ליד.

פאַר טעג פון צער, פאַר נעכט אָן רו,
פאַר בענקשאַפט וואו דו גייסט און שטייסט; —
אָ, ווייטער חלום מיינער דו,
אַנטפלעק זיך שוין און ברענג אַ טרייסט.

## אַזוי פּשוט

עס איז אַזוי איינפאַך געווען:
אַן אָוונט מיט פריינט אין אַ צימער
און לידער אין טונקעלן שימער
און זיך אין דיין אויג כ׳האָב דערזען...

שפּעט נאַכט און מיר גייען שפּאַצירן,
איך קוק און ס׳פאַרדריסט מיך, מיין פרייד:
אַ ווינטל ער קושט דיינע לאָקן,
אַ ווינטל ער שפּילט מיט דיין קלייד...

אַ ווינטל... און וואָס בין איך ערגער?
איז אַ מויל דען פאַר קלאַנג בלויז, פאַר וואָרט? —
האָבן זיך מיינע דורשטיקע ליפּן
מיט דיינע צוזאַמענגעפאָרט...

# אין דיינע אויגן

.1

פּישוף ליגט אין דיינע אויגן,
פּישוף אין דיין בליק, —
ווילסטו, האָסטו צוגעצויגן
און — פאַרשטויסטו צוריק.

איך אַליין ווייס נישט אַצינדער,
וואָס איז שפּיל ? וואָס — עכט ?
נאָר גרייט צו דינען דיר, — אַ בלינדער
און געטרייער קנעכט.

.2

נישט אין אַלטן רעגנבויגן
איבער שטעטל מיטן ברונעם ; —
אין דעם שיין פון דיינע אויגן
האָב איך זיך אויפסניי געפונען...

אין דיינע טיפע אויגן-אַפּל
כ׳האָב דערפילט פון האַרץ דעם צאַפּל,
אַלע לוסטן, אַלע רייצן,
ווי אין רייפן פעלד פון ווייצן.

אין דעם שיין פון דיינע אויגן
ליגט דער גאַנצער סוד פון ווייב,
ליגט די וואַרעמקייט פון לייב
און מיין גליק ווערט דאָרט געוואויגן...

# שיין איז מיין געליבטע

שיין איז מיין געליבטע,
צאַרט אַזוי און מילד ; —
נאָר איר שיינקייט מאַכט מיך
אָפּטמאָל וועלפיש ווילד.

אירע שטילע ווערטער
איז תפילה, איז געזאַנג ; —
נאָר אין מיר נעמט וואָיען
וועלפישער פאַרלאַנג.

נאָר ווערן אירע אויגן
פאַראומערט און פאַרטרערט ;
ווער איך אַליין דער קרבן,
פון זיך אַליין פאַרצערט.

# אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע טויב

ס'זענען מיר די פֿייגל-וועגן נישט באַקאַנט:
ווי זיי פֿליען האַרבסט-צייט צו אַ זומער-לאַנד
און קומען פֿרילינגס-צייט צוריק
און בויען נעסטן פֿאַר אַ נייעם גליק.

נאָר שטענדיק כ'האָב געהאַט דעם גלויבן,
אַז עס וואַנדערן נישט אום קיין טויבן.
פֿאַר מיין פֿענסטער האָט אַ פּאָר
געוואָרקעט דאָך אַ גאַנצן יאָר.

ביז אַ טייבעלע אַ צאַרטע
איז געקומען אומדערוואַרטעט
פֿון ווייטע רוימען אומבאַוואוסט
און צוגעטוליעט צו מיין ברוסט.

ביי טויבן פֿרעגט מען נישט קיין שאלה,
צי זי קומט פֿון נאָענט, אָדער ווייט.
זי טוליעט זיך צו מיר דערווייל
און דערווייל איז אויך אַ צייט...

# זי איז אַוועק

מיין ווייסע טויב זי איז אַוועק —
עס פלאַטערט נאָך אין ווייט אַ פלעק
און ס׳פלאַטערט נאָך מיין האַרץ אַזוי
צום ווייטן רוים, צום הימל-בלוי.

קיין טויבן-כאַפּער ניט געווען,
נאָר איצטער כ׳וויל זי ווידער זען
און כ׳הויב די אויגן, הויב דעם קאָפּ —
אָנשטאָט מיין טויב, קומט-אָן אַ ראָב.

אַ שוואַרצע ראָב מיט פליגל שווער
פּיקט מיטן שנאָבל אין מיין שויב; —
נאָר מיין בליק וואָס איז פאַרטרערט,
זוכט אַלץ אַרום די ווייסע טויב.

## נישט געטראָפן

אַז איך האָב דיך נישט געטראָפן,
וואָס־זשע זאָל איך טון אַצינד ?
נאָך אַ לאַנגן טאָג פון האָפן,
געאָרעמט וועל איך גיין מיט ווינט.

כ׳האָב געקלונגען אין דיין גלעקל
און געקלאַפּט כ׳האָב אין דיין טיר.
כ׳בין געקומען מיט מיין שטעקל
און צוריק באַגלייט ער מיר.

אַז איך האָב דיך נישט געטראָפן,
האָט זיך מיר אַזוי געדאַכט :
אַז סיי דיך און סיי די סטראָפן
האָט מיין עלנט אויסגעטראַכט.

ד

# קאַליפאָרניער מאָטיוון

## אין זוניקן דרום

פלאַך אויף דער ערד, אַזוי־ווי די קברים,
ליגן הייזער אָן פענסטער אין זוניקן דרום.

אָן שוך און אָן העמד איז נאָך ברוינער דאָס לייב
פון קינדער און רינדער, פון מאַן און פון ווייב.

נאָך ווייסער די ציינער — לאַכן זיי ברייט,
אַזוי־ווי דער דלות געווען וואָלט אַ פרייד.

און ביי זיין שוועל דער „סעניאָר" איז אַ האָר,
צופט ער די סטרונעס און שפּילט זיין גיטאַר.

די „סעניאָריטאַס" דאָ פלאַטערן־אום
שלאַנק־בויגיק, שוואַרץ־אויגיק, וואָס רופן דיך „קום".

יינגעלעך־מחנות, צו אַכט און צו ניין,
באַפאַלן דיך: „סינקאַ סענטאַוואָס!" — „עי שיין!"

די האַרינקע הענטעלעך אַרבעטן גיך
און ס'פליען די בערשטלעך און פוצן די שיך.

אַ רויך און אַ טשאַד, אַז דאָס אויג ווערט דיר נאַס? —
„טאַרטיאַס טאַמאַלעס", מען פרעגלט אין גאַס.

ביידלאַך, געשטעלן — עס איז אַ באַזאַר
און פון דעם „כל־טוב” ווײנט אַראָפּ אַזאַ צער.

צום ברעג קומען שיפן מיט קוימען און מאַסט,
אַרויף און אַראָפּ טראָגן טרעגער די לאַסט.

די רײזענדע וואַרפן אַראָפּ פון דער שיף
מטבעות, וואָס פאַלן אין וואַסערן טיף.

ברוין־הויטיקע יונגען זײ זענען נישט פויל —
זײ טויכן און כאַפּן דאָס קלײנגעלט אין מויל.

מילד ביזטו, ווילד ביזטו, טראָפּישער דרום,
ס׳איז פרעמד מיר דײן סדר און פרעמד מיר דײן פּאָרעם.

דײן בלוט — אַ געמיש: מוריש־שפּאַנישער העלד
מיטן רויטן קריגער פון פריערי און פעלד.

און אויגן מיט טרויער, סעמיטיש מאַראַנאַ אין האַרצן,
מיט לאַכיקע צײנער, פון אַפריקעס דזשאָנגל דעם שוואַרצן.

# דער טורעם

לאָס־אַנדזשעלעסער שטאָלץ,
לאָס־אַנדזשעלעסער ריז,
געוואַגטער מענטש עס האָט דיך אויסגעפורעמט,
שטאָק נאָך שטאָק,
פון פונדאַמענט אַרויפגעטורעמט,
פון אייזן און בעטאָן און שטיינער. — ביז
דיין הויכקייט ט'זיך פאַרשפיצט צום הימל,
ווי אַ שאַרפער שפיז.
אין דיינע אינגעווייַדן טו איך זיך פאַרלירן:
דאָרט לויפן קאָרידאָרן — אַ לאַבירינט
מיט צימערן און טירן.
ווי אַ שטילער, ווייכער ווינט —
עס שאָרכן דריבנע טריט אויף די פּאָלירטע דילן.
קלעפּעלעך פון שרייב־מאַשינען אין דער לופט וויברירן
און בלייבן הענגען, ווי די פלעדערמייז
אויף בייכיקע קאָלאָנען,
אויף שטאַכעטן פון טעראַסן און באַלקאָנען,
אויף באַמאָלטע ווענט און באַרעליעפע טירן.
לאָס־אַנדזשעלעסער שטאָלץ,

לאָם-אַנדזשעלעסער ריז,
אַ קאַרליקל אַנטקעגן דיר דער בבל-טורעם איז.
פון דיין שפּיץ, וואָס נאָענט צו גאָט,
איך קוק-אַראָפּ אויף דער מלאכים-שטאָט,
וואָס שפּרייט-זיך איבער באַרג און טאָל
און הייזער זענען גרויס, ווי אותיות אין אַ בוך
און דער מענטש — אַ מאָל...
ס'האָט טאָג צו נאַכט געזאָגט אַ שפּרוך
און ס'צינדט דער האָריזאָנט זיך אָן
מיט שקיעה-פלאַם, מיט פּורפּור-שיין,
און לעשט זיך אוים און הילט באַלד איין
די שטאָט אין קילן אָוונט-בלוי.
ס'ווערט נאַכט
פון דעם טורעם פאַלט געדיכט
אַ העלער שיין, פּראָזשעקטאָר-ליכט.
ער טוט זיין פליכט
דער שומר און ער וואַכט. —
שלאָף רואיק זיך, מלאכים-שטאָט,
אַ גוטע נאַכט.

## רו...

**(אויף די קוויאַמאַקאַ בערג)**

„לא ברעש ה׳“
כ׳זע:
זונען־טעג מיט מנוחה אור־הגנוז וועבן,
אונטער חופה־הימלען, אין שלוה שבת־רו.
פון מרחקים ווייסע וואָלקן שוועבן
מיט גאַרבן שטראַלן אין אַ „ראַנדע־וואו“.

וועלדער דרימלען אין טיף פון טאָלן.
— קינדער ביי דער מאַמעס דיך. —
בוים און בלום אוזאָרן מאָלן,
סודותדיק פאַרטיפט אין זיך.

פאַזע ברעג פון פעלד אַ טייכל
פליסט זיין שטילן שטראָם, אָן מי.
עס קלייבט שטיל נחת כביכול;
פון זיין באַשאַף: פון שאָף און קי.

אויף דער פאַשע, שאָף און ציגן
מיט שטיפער לעמער, וויים ווי שניי.

אַ ווינטל וויל דאָס גראָז פאַרוויגן;
ווייעט ער איין אַ סוד צו זיי.

כ'הער געזאַנג אין בלי פון בלום,
זינגט מיין האַרץ מיט אין דער גיך.
כ'זע דעם בורא או־מע־טום —
אין פליגל פלאַטער, אין טיף פון זיך...

כ'שפיר דעם חסד פון דיין רו,
וואָס איז צעגאָסן אויף זאַמד און שטיין,
מיין האַרץ ווערט אָפן, אָ שעפער, דו!
פאַר דיינע פריידן גרויס און קליין.

ווערט מיר ליב אַלץ, פשוט, איינפאַך
דער יצירהס וועג און ציל,
ווערט דאָס לעבן ליבער צענפאַך,
פליסט מיין תפילה אין דער שטיל...

# אין די קוויאַמקאַ בערג

די זון, אַ צעפּלאַמטע, איז אַוועק אין איר רו
מיט וואָלקן־באַגלייטער אין מערב־לאַנד וואו.

אַ האַלבע לבנה פלעגמאַטיש און קאַלט
קריכט פּאַמעלעך אַרויס פונם וואַלד.

אַ שטערן קלעטערט אויף אַ צווייג פון אַ בוים —
אַ וואָגלער פונם ווייטן אין־סופיקן רוים.

אַ ווינטל אַ שטיפער, צעפּאַטלט פון לוסט,
זיך סודעט בלחש מיט בלעטער און קוסט ;

ער צערטלט און גלעט יעדן צווייג, יעדע בלום
און קושט היים די צייטיקע פּירות אַרום.

דער אָוונט פאַלט צו געמיטלאַך און שטיל.
אַ פויגל זינגט צו, עס העלפט אים דער גריל.

צום בינשטאָק מיט נעקטאַר איילט זיך אַ בין,
לעם בוים אין איר נעץ וויגט זיך אַ שפין.

אַ קראָליק, אַ וויכער, מיט פוך־ווייסן עק,
לויפט צו זיין נאָרע : אַ שפרונג און אַוועק.

באַהאָרנטע ציגן מעלה־גרהן האַלב וואַך
און ציגעלעך שפרינגען אַראָפּ פון אַ דאַך.

עס פֿאַדען די הינער צו נאַכט־צו אין שטייגן,
ביז מאָרגן וועט גרויען און אייער נאָך לייגן.

מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן טשאַטעוועט קאַץ,
זי וואַכט פֿאַר אַ פֿויגל און אפֿשר... אַ ראַץ.

אַ קאַיאַטעס געוואוי צעברעקלט די לופֿט:
פֿון ערגעץ אַ סאָווע סומנעדיק רופֿט.

די שקאַפֿעס ביים קאָרמע טראַכטן שטיל פֿערדיש,
שלעפֿן אַקער און בראָנע — ס׳לעבן שווער ערדיש —

דעם געשפֿאַן האָט פֿאַרמער אין שטאַל שוין גענומען,
פֿאַר הענט האָרעפּאַשנע איז רו־שעה געקומען.

דער פֿאַרמער זיין ליולקע פּיפּקעט האַלב וואַך,
— די טעג היים און לאַנג און אַרבעט אַ סך. —

פֿאַרציט ער אַ ניגון, באַגלייט מיט גיטאַר,
אַ יידישער ניגון פֿון בענקשאַפֿט און צער:

— ווייט פֿון זיין סביבה, פֿאַרוואָגלט פֿון שטאַם;
— אַליין מיט זיין דאָליע, באַשערט מן־הסתם...

זיין הונט הערט דאָס ליד, זינגט זיין געמיט,
וואָיעט דער כלב צו לבנה זיין ליד.

# שטיינער

עס האָבן בערג דעם טאָל אַרומגענומען,
אַז קיין בייז אויג עס זאָל אַהער נישט קומען.
כאָטש נישט פון קדמונים, נישט לאַנגאַניק
איז דער טאָל געווען געבענטשט מיט מילך און האָניק.
עס האָבן נישט געגאָלדיקט זיך די אַפריקאָסן
און נישט אייביק האָט דער ווײַן זיך דאָ געגאָסן.

פון וואַנען נעמען זיך אַזוי פיל שטיינער
אויף בערג און אויך צופוסנס — ווייסט נישט קיינער.
נישט אַנדערש, נאָר די געטער האָבן דאָ אַמאָל
געפירט אַ שטיינער-קאַמף פאַר דעם געבענטשטן טאָל
און אין איילעניש אַוועק, פאַרשוואונדן,
היילן זיך דיביילן און די וואונדן.

ביז דער „ווייסער" מאַן איז אָנגעקומען
און די שטיינער פון דעם טאָל אַוועקגענומען.
אויסגעלייגט זיי קליין און גרויס
און געבויט מיט זיי אַ הויז.
איצטער זיצט ער דאָרט אין פריידן
און די בערג, זיי היטן דעם גן-עדן.

# אויף קאַליפאָרניער וועגן

1.

פאַרלאָזט די רווישיקע „מלאכים"-שטאָט,
איר לאַבירינט פון וועגן און בולוואַרן;
די דרום-זון, וואָס בלענדט און בראָט,
די גרינע פאַלמען אויף אירע טראָטואַרן.

אינדיען זומער-טעג פון זון צעצוואָגן
זינגען אויף די וועגן מיט לויפנדער מאַשין.
מיט נייגיר זוכט דאָס אויג אָניאָגן
די ווייטע וואונדער-וועלדער, אייביק גרין.

זיג-זאַג וועגן דרייען זיך, ווי שטיפער-לאַך
אין שפּיל פון לויף-און-באַהאַלט-געוועט:
אָט געוועזן אויף פלאַכן פעלד מיט בלימלאַך
און אָט האָט באַרג פאַרנאַרט דעם וועג העט, העט...

קריכט דער וועג אויף באַרג באַשטיינערט און באַוועלדערט,
גריזשעט דורך דעם קיזל-שטיין, ווי די מויז איר לאַך,
שפּאַלט טיפעניש פון וואַלד פון פלאַנצן-נעץ באַווילדערט
מיט דעמבעם יוסטע באַוואָקסענע מיט גרינעם מאָך.

די גרינע נאָדל-ביימער, אויף עצים-לשון,
סודען וואָס האָט פּאַסירט אין יעסעמעטי טאָל
אין תקופות עברדיקע, ווען וואולקאַנען האָבן זיך געלאָשן,
מעשיות פון תוהו-ובוהו, ויהי אַ מאָל, אַ מאָל.

הויערן גראַניט גאַלאַנטע פעלזן, ווי שומרים מיט חשיבות,
היטן בראשית-שאַפונג פאַר דורות קומענדע, מיט נייגער
צו זעטיקן אויג און אויער מיט געטלעכע נדיבות
און טיילן פרייד צו דיכטער וואַנדערער און שטייגער.

עס לאָקט דער וואַלד מיט זיינע טונקל קילע גריבער.
ווילסט פאַרלאָרן גיין אין לאַבירינט פון וואַלד חזיונות,
זיין מעכטיקייט דיך צערטלט מיט מילדקייט פון אַ גיבור
און יעדער שאָרך כישופט סודות און דמיונות.

נאָר שעהען לויפן, מיט זיי די וועגן און מאַשין
אונדז אַנטקעגן לויפן פעלדער, אַקערער און סאָכע,
צום ווייטן האָריזאָנט לויפט מיין אויג אַהין, אַהין
צו דער שטאָט פון מיין געבליבענער משפחה.

צעזייט האָט זיך משפחה-צווייג, פאַרלאָזט געבווירנשטאָט.
הונגער, נויט און פאָגראָמען-שרעק און טויט
האָט יעטוועדן געטריבן אויף גאָטס באַראָט
אין ווייטע לענדער זוכן רו און ברויט.

די וואָגלער פון מיין שטאָט און דלות-שטעטל
האָבן זיך אין היגער ערד פאַרגרונטיקט,
קינדער פון די בלאָטע-געסלאַך, דאָ — סאָלידן באָדן טרעטן,
ווי פרייע דעמבעס, ברייט זיך הי באַפעסטיקט.

די צפון-שטעט ווייזן זיך מיט חן און צויבער,
מיט טויזנט כישוף-ליכט איבער לאַנגע בריקן,
מיט מענטש-געדריי אויף עווענייס און סקווערן זויבער
און דער ים ביים „גאָלדן-טויער" שפּיגלט שלום אין די בליקן.

זיי געבענטשט, אַמעריקע, מיין היימלאַנד,
פאַר פרייד און פרייהייט פאַר יעדן צו געניסן,
האָסט אָפּגעווישט פון וואָגלערס אויג די טרער פון שאַנד,
דיין פרייער גייסט, ווי דיינע טייכן, זאָלן אייביק פליסן!

# אויף קאַליפאָרניער וועגן

.2

ס׳איז יונגער פרילינג טאָג אין בונטן בלי,
די זון גיסט פולע פעסער ליכט און גלי.
צווויט אויף בוים און פלאַנץ שימערירט אין העלן שיין,
ריחות פון ליילאַק, קלאַווער און יאַשמין שלעפערט איין.
ביי די זייטן וועגן, באַלאָדן מיט גאָלדן לאַנד פאַרמעגן,
גריסן אויסגעפוצטע בוימער דיר אַנטקעגן.
קאָנקריט וועגן קייטלען זיך, פון זון צעבריט,
בלאַנקענדיקע אויטאָס שלינגען שטח מיט זשעדענעם אַפּעטיט.
אַ צעשויבערט לאָשיקל אין פאַשע פעלד פאַרביי,
האָט אין גאַלאָפּ געלאָף געלאָזט זיך פריי;
נאָך אים האָט קודלאַטער הונט געטאָן זיך אַ פאַרמעסט,
פאַר פחד האָט וועוועריק גיך געשלעפּט זיין עק אין נעסט.
אויף אַ פלאַכן שטיין צו כאַפּן פליגן גרייט,
האָט זיך יאַשטשערקע רחבותדיק צעשפּרייט.
אַ האָפּערדיקער קלאַפּער-שלאַנג
האָט מיט זילבערדיקן קלאַפּער-קלאַנג
געוואָלט דער וועלט וואָס זאָגן,
האָבן רעדער פון סקריפּעדיקן פויער וואָגן
זיין ווייכן גוף פון גדעכעניש צעטראָגן.
באַלד פליט אַ שטאָרך אַרונטער מיט געאייל,
ער האָט שפּייז דערשמעקט שוין פאַר אַ מייל.
אַ פּיק-האָלץ גראָבט אין בוים זיין שנאָבל איין,
עס מוז זיין ווערים וואַרעמס דאָרטן זיין.

נאָך פאַרמער־פּים מיט שפּאַן און אַקער,
פליען טשאַטעס קראָען מיט נצחון קראַקער;
זיי שלינגען שוואַרצע צאַפּלדיקע ווערים
פון די צעפּאַרעט אָפענע ערד געדערים.
די פערד אין שפּאַן טראַכטנדיק פון טאָרבע־האָבער,
שפּיצן אָן די אויערן, האַלדז און גריווועס,
און טרייבנדיק די פליגן מיט ציטערדיקע לייבער,
שיקן בקשה בליקן הינטערווייל צום טרייבער.
גאוותדיקע הענער מיט אויפגעשפּיצטע רויטע קאַמען,
קרייען סערענאַדעס אוים צו הינער־דאַמען.
יחוסדיקע ווייסע קוואָקעס זאָגן אָן פון אייער לייגן,
און יוסטע הינער־מאַמעס די עופהלעך וואַרעמען און שווייגן.
לעם שטאַל האָט ראַבע קו מיט פולע אייטער
זיך צעמו־או־קעט אויף איר טאָכטער די פאַרשייטע,
וואָס שפּרינגט מיט אַ ווייט פאַררים עק;
זי רופט איר מאַמיש צו און גיט איר אַ באַשמעק.
די קעלבל גיט אַ טאַפּ, אַ ציי און מיטן קאָפּ אַ קלאַפּ.
די אַלטע קייט פאַרטראַכט :—אָט אַזוי מיין קינד, נאַ, צאַפּ!...
דער טיש איז גרייט! צעגלעקלט זיך אין פעלד אַ קול.
עס קומען האָרעפּאַשנע פּים פון פעלד און שטאַל,
עס שמעקט מיט פריש געפּרעגלט חזיר שמאַלץ,
(עס שוויים׳קט אוים דעם פויערס הענט זיין ברויט און זאַלץ)
אַ האָבאָ לאָזט זיין פּאַק אַראָפּ אין שאָטן פון אַ בוים,
און דין צעקייטלט זיך פון ליולקע רויך אַ בלויער טרוים...

## צום טאַטע

איך קום צוריק אַ היים, טאַטע האַרציקער,
צו זיין מיט דיר נאָך יאָרן אין דער פרעמד.
כ'האָב זיך געטרייסט מיט דיינע בריוו, נאָר דיינע טרערן,
ווי קען איך לאָזן זיי פאַרשעמט?

כ'וועל אַנקלאַפּן אין טיר, מיט קאָפּ געבויגן:
כ'געדענק דאָך אַלע מיינע יוגנט-זינד...
מיט בטחון האָסטו מיך דערצויגן
און אויף וועגן אַנדערע אַוועק ז'דיין קינד.

נאָר נישט באַפרייט כ'האָב זיך פון דיינע יאָכן
און דעם כיבוד-אָב כ'האָב נישט פאַרניינט.
אויף אַלע וואַנדער-וועגן האָב איך דיין בטחון
מיטגעטראָגן איבער שטאָק און שטיין.

בין יונג אַוועק פון דיר און איצט בין איך גרוי,
נאָר בטחונדיק אַליין נאָך ווי געוועזן...
אויף גרויע קעפּ פאַלט אויך אַ יונגער טוי...
און לייכטן וועט די טרער, ווען כ'וועל דיר ווידער זען —

## צעשיידט

איך זע דיינע טרערן, מיין קינד, פון דער ווייטן.
איך פיל זיי אַצינד אויף די באַקן ביי מיר.
עס האָבן צעשיידט אונדז די ביטערע צייטן,
נאָר האָף, איך וועל קומען צו דיר.

כ׳בין דורשטיק אַזוי נאָך דיין קינדערשער פרייד,
נאָך דיין יונגן און לויטערן גלויבן; —
אָ, זע, ווי די פינסטערע כמאַרע פאַרגייט
און עס קוקט שוין די זון אין די שויבן...

# די קראַנקע מאַמע טאַנצט

די פידל שפילט, דער בדחן זינגט.
קול שמחה וקול ששון.
אַ מאַמע צו דער חופּה פירט איר קינד
און איר אייגן לעבן צאַנקט און ווערט פאַרלאָשן.

מזל־טוב מען ווינטשט זיך און מען טרינקט.
עס רוישט מוזיק און מחותנים טאַנצן.
דאָס מזל צו דער מאַמען האָט געטון אַ ווינק
אַ ביסעלע צו־שפּעט. די טרערן גלאַנצן.

די מאַמע טאַנצט, עס ציטערן די פיס.
דאָס ערשטע טעכטערל היינט אויסגעגעבן...
נאָר די אַנדערע, זי ווייסט געוויס,
אַז זייער נחת וועט זי נישט דערלעבן.

אַליין נאָך יונג, נישט אויסגעלעבט,
און ס'זענען אירע טעג געציילטע.
זי טאַנצט. דאָס האַרץ עס פלאַטערט, שוועבט.
דער טויט דערוואַרט זיין אויסדערוויילטע.

# איך בין אַ זיידע געוואָרן

איך בין שוין אַ זיידע געוואָרן —
ווי איז דאָס פּלוצלונג געשען?
אַז כ׳בין מער ווי האַלב־וועג אָפּגעפאָרן,
האָב איך אַליין נישט געזען...
איך בין דאָך אַליין נאָך אַ ייִנגל
ערשט נעכטן, ערשט נעכטן געווען,
אַ ייִנגל וואָס קלאַפּט מיטן צינגל,
אַ שטיפער, אַ מזיק, אַ ברען...

מײַן קינדהייט, מײַן היימשטעטל, ביידע —
ווי ווײַט, אָ, ווי ווײַט זענען זיי!
איך בין שוין מיט מזל אַ זיידע
און ס׳ליגט אויף מײַן קאָפּ שוין אַ שניי...
נאָר ס׳האַרץ מיטן קאָפּ איז קיין פּאָר נישט,
עס בענקט און עס ליבט ווי אַמאָל,
ווען געגלוסט האָט זיך אַלץ וואָס מען טאָר נישט
און כ׳האָב נישט געטראָגן קיין עול.

איך בין שוין אַ זיידע געוואָרן
און פאָר באַרג־אַראָפּ שוין, צום טאָל — — — — —

# דער אַלטער בוים

דער אַלטער פייגן בוים איז פאַרטראַכט
די צעדרייטע צווייגן ציען זיך אַראָפּ,
די פאַרגעלטע בלעטער טריקענען פאַרשמאַכט
און וואַלקנדיק געבויגן איז זיין קאָפּ.

די פרוכט פון זיינע זוימען, וואַלגערן אין שטויב,
באַלד וועט שטורעם וועטער געבן עס אַ הויב
און צעטראָגן עס אין ווייטע ווייטן
— באַשערט אַזוי פון אַלטע צייטן.

שטייט דער אַלטער נאַקעט, הייל אָן בלעטער,
אים באַדעקן וועט אַ טוך פון ווייסע שנייען.
עס קומען טעג פון הארבן ווינטער וועטער,
נעכט פון פראָסט, האָגל און זאַווייען.

טראַכט דער זקן סטאָאיש, דולדיק,
— איך האָב וועלט געגעבן מיין פאַרמעג
איך וועל ביים לעבן קיינעם בלייבן שולדיק;
ביז דעם סוף פון מיינע לעצטע טעג.

# דער לעצטער

איך וואַנדער אַרום אין גאַס פון דער וועלט
און האָרך צו די קלאַנגען פון כלערליי רייד.
איך שפּיץ אָן מיין אויער מיט נייגיר און צער
צו הערן אין ווירבל פון לשונות-קאָשמאַר
אַ וואָרט פון מיין אייגן יידיש געצעלט —
די היימישע רייד פון טרויער און פרייד.

נאָר קיינער פאַרנעמט ניט מיין יידיש געמיט,
מיינע ווערטער פאַרוואָרלאָזט אויפן שטיין-האַרטן וועג
ווערן פאַרלאָרן אין וואַנדער פון טעג
ווי דער שאָטן פון מיינע פאַרגאַנגענע טריט.

איז מיין גורל באַשערט גאָר צו זיין פון די לעצטע,
וואָס וואַרטן פאַטאַל אויפן טאָג פון פאַרגיין?
צו זיין דער באַקלאָגער פון אייגענעם וואָרט,
וואָס זיך ראַנגלט אין גסיסה אין יעטוועדן אָרט?
און גאָר כאָטש, זאָל זיין, געקריצט אינעם שטיין
יידישע ווערטער אויף מיין קבר אַליין?

# קינדער טאַנצן אין גאַס

קינדער ליבע, שיינע קינדער
ווי גוט ס׳איז אייך אַצינד
פרעמד איז אייך דער גורל בלינדער
ריין זייט איר פון זינד.

מאָרגנס קומען אייך אַנטקעגן
ברייננגען וועלן זיי אייך גליק,
טאַנצן זונען אויף די וועגן ;
פאַר אייך אויף צויבער שטריק.

טאַנצט זשע קינדער, הענט געאַרמט,
פלעכט אוים אַ קאַראַהאָד.
ווייל עס ווייעט פון אייך און וואַרעמט
דער אייביק יוגנט סוד.

# ספינקס

**(מיניאַטור)**

אַ לענגלעך פּנים מיט שוואַרצע, גרויסע אויגן, וואָס קוקן פאַר־חלשט אין דער ווייט, זיצט זי שעהען לאַנג, אַזוי ביים טישל אין דער קאַפעטעריע, שטיל, פאַרטראַכט.

פון צייט צו צייט וואַרפט זי אַ בליק אינעם אָפענעם בוך, וואָס ליגט פאַר איר. אירע בלאַסע, ניט געפּאַרבטע ליפּן גיבן אַ ציטער מיט אַ לייכטן שמייכל. פּיבעריש כאַפּט זי אַ צי דעם רויך פון איר ציגאַרעט און פאַרטראַכט זיך קינדעריש, זאָרגלאָז. איר טונקל אָריענטאַליש פּנים ווערט דאַן אָנגעגאָסן מיט אינערלעכער פרייד, אירע ליפּן באַוועגן זיך שטיל, ווי זי וואָלט גערעדט צו עמעצן, וואָס זי זעט פאַר זיך... זי זעט אָבער ניט אַפילו דעם מאַן, וואָס זיצט ניט ווייט פון איר ביים זעלביקן טישל און קוקט אויף איר מיט פאַר־אינטערעסירטע בליקן.

זי איז איצט ווייט אַוועק פון דאַנען. ווער קען טרעפן אין וועלכן ווייטן לאַנד זי איז איצט אין איר געמיט? פירט זי איצט אַ שמועס מיט איר געליבטן? אָדער לעבט זי דורך אַ מאָמענט פון עקסטאַז מיט איינעם פון די העלדן פון דעם בוך, וואָס ליגט פאַר איר? אפשר שאַפט זי גאָר אילוזאָריש דעם העלד פון איר באַגער און איז אים מקבל פּנים אַזוי שטיל, אינטים...

איר טעפּעלע קאַווע, וואָס שטייט לעבן איר, איז שוין לאַנג קאַלט, געבליבן ניט דערטרונקען, דער ציגאַרעט אויסגעברענט, ניט דער־רויכערט; אירע אויגן, ווי מיט אַ וואוּאַל פאַרצויגן, אומבאַוועגלעך, פאַרטראַכט אין דעם ווייטן חלל פון דעם לאַנגן עסזאַל, ווי אין אַ טראַנס...

ווי לאַנג וועט נעמען איר אויפכאַפּן, זיך פון חלום?

דער מאַן האָט רעזיגנירט פון זיין פּרוּוון זיך צו באַקענען מיט איר און האָט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, שטיל, ניט וועלענדיק צעשטערן דעם צויבער־ווינקל אין איר אילוזיע־וועלט.

ווער ווייסט אויף ווי לאַנג?...

ה

# דער נס איז געשען

## מיר זענען געווען

זינט יוסף, דעם ליבלינג פון יעקב אבינו —
עבדים היינו, עבדים היינו.
מיר זענען געווען דער ליים און די ציגל
פאַר מצרישע קברים, פאַר ספינקסן פאַרזיגלט.
מיט קולות וברקים, מיט שרעק און מיט מורא,
מען האָט אונדז אין מדבר געגעבן אַ תורה,
צו קעמפן פאַר איר מיטן אָרעם דעם רעכטן,
צו שטרעקן דעם האַלדז, אַז דער רשע זאָל שעכטן.

אין גלות פון בבל און אויף די געמאַרקן
פון הודו ביז כוש, האָט זיך געטון שטאַרקן
דער שונא, כדי אונדז אויף זאַמדן צעשטויבן.
מיר זענען פאַרצוקונג געווען פאַר לייבן
אין רוימישע צירקן, אין אַמפיטעאַטערס.
די אינקוויזיציע עס האָט אונדז געמאַטערט
אין שפאַניע, די הויט אונדז געשונדן
און ס׳האַרץ זיך געקוויקט מיט אונדזערע וואונדן.

אין יעטווידן דור איז געקומען אַ המן,
אין יעטווידן גלות — פּאָגראָמען, פּאָגראָמען,
ביז בלוט-ימען האָבן גענומען זיך כוואַליען
אין גרויזאַמסטע שחיטות פון היטלער און סטאַלין.

און דאַן האָט געזאָגט זיך די שארית-הפליטה:
אויב ס׳זאַמט זיך משיח, געשמידט וואו אין קייטן, —
מיר וועלן אַליין זיך פון גלות באַפרייען,
אַליין שפּאַלטן ימען, אַליין זיך באַנייען!

יאָ, ברעכן בלאָקאַדעס און ימען צו שפּאַלטן,
צום לאַנד, וואָס געזאָגט האָט גאָט פון אַברהמען,
אַז געבן וועט ער עס צו זיינע זאָמען
און ער האָט זיין הייליקן וואָרט נישט געהאַלטן.
— אַליין זיך דערלייזן, באַפרייען פון יאָכן
און קעמפן אין לאַנד ביזן לעצטן נצחון! —
אַזוי האָט די שארית החורב געשוואָרן
און אַזוי איז מדינת ישראל געבאָרן.

## ווען דייטשלאַנד האָט געברענט

ביים ליכט פון די נאַצים וואָס ברענען,
כ'זינג ווידער פון אויפקום און דויער
איך שליידער אַריין מיין טרויער
אין די פלאַמען פון האַמבורג און ברעמען.

אונדזערע העלדישע פליער
מאַכן דאָרט „בורא מאורי״;
ווייל נישט געווען קיין צען צדיקים
אין די דייטשע סדום ועמורה.

זיי האָבן געהייצט קרעמאַטאָריעס,
איצט ווערן אַליין זיי פאַרברענט
און ווערן פון רויך נאָך בלויער,
ווי די ציפער אויף קאַצעטלערס הענט.

האָט די געגאַרטע שעה געשלאָגן
און די בשורה ט'זיך דערטראָגן
איבער ימען, אָקעאַנען,
וואו אַ שבט איז פאַראַנען.
וואו פאַרוואָגלטע, פאַרטריבענע,
און אָפּגעפרעמדט געבליבענע
אין לאַנד פון שניי, אין לאַנד פון ליים; —
איצטער קומען זיי אַהיים.

פון אַטלאַס בערג, פון מעלאַס היילן, —
פון גאָט פאַרגעסענע צו ציילן,

פון מאַראָקאָ און אַלזשיר,
פון לובאַוויטש און פון סיביר;
פון ליטע, רייסן און בערלין,
פון קאַלקוטאַ און כאַרבין,
פון מאַיאָרקאַ און פּרס,
פון קאַמטשאַטקאַ און קאַווקאַז.

פון קאַלטן צפון — בלאָנד צעהעלטע,
פון מאָנגאָלן־לאַנד — פאַרגעלטע,
פון תימן און פון בוכאַרע,
פון מדבריות ווי סאַהאַראַ,
שוואַרץ ווי פּעך און גרוי ווי אַש,
בני־ישׂראל און פאַלאַשן,
משומדים און אנוסים; —
ווּעמען ס׳האָט דערגרייכט דער גרוס אים.

ס׳קומען ספרדים, אשכנזים,
מיט שפּראַכן זיבעציק — לע״זים,
ווער געלערנט, ווער געהאַנדלט,
ווער געאַרבעט און געוואַנדלט.
עם־הארצים און גאונים —
אַלע ווערן בונים, בונים.
אין דעם לאַנד וואָס וואַקסט און בליט, —
וואַקסט אַ נייער, פרייער ייד.

# קבוץ־גלויות

פון אור־כשדים, ביי די טייכן פון אַרם
האָט יחוסדיקער עברים שטאַם,
זיך ברייט און ווייט צעצווייגט
און באַזעלט מיט מוט און יוגנט פלאַם
דער ווילדער וועלט אַ נייעם וועג געצייגט; —

גרינע צווייגן פונם יעקב בוים
האָבן זיך צעוואַקסן אין דער ברייט און רוים,
האָט וואַנדער־לוסט געדרייצט דאָס בלוט
פון נאָמאַדן־פאָלק, צו לאָזן זיך מיט מוט
אויף זעגלען איבער שבעה ימען,
זוכן גאָלד, עלפאַנט־ביין, רובינען,
אויף האַרבאַטע קעמל קאַראַוואַנען,
אין לענדער, אינדזלען, ווייטע שטאַמען
נייע עברים צעלטן פריש פאַרזייט,
און מיט אחד רוף דעם גלוביקן,
אין מידבר זאַמדיק שטויביקן,
אויף בערג און טאָלן זיך צעשפּרייט.
אין הודו, כוש און אופיר לאַנד;
האָבן עברים טריט געשפּאַנט.
פון שבאָם עקזאָטיש ברוינע טעכטער;
מיט שמיטיש בלוט געמישט באַנאַנד
האָבן בונטע אומה צווייגן
זיך צעוואָקסן העלדיש, עכטע,

יאָרן זיינען אין אייביקייט פאַרלאָפן,
רשעות פון חמען האָבן שמס געצעלטן
מיט רציחה ווילד געטראָפן.
זיינען פון שטאָלצן שטאַם געבליבן.
שפּליטערן פון הענקערס האַק צעריבן.
פאַרחלשטע, פאַרצערטע,
אָן מקור זאַפט פון מאַמע בוים געגערטע,
פאַרשקלאַפטע אין ערב לענדער,
פאַגראַמירטע פון סלאַוון שענדער,
געשחטן פון רומענער און אוקריינער,
פון היידאַמאַקעס און באַסנאַקעס,
הונען, לעטן און ליטווינער,
געברענט פון שפּאַניער און גערמאַנער
געקרייציקט אין „דערלייזערס" נאָמען,
מיט געזאַנג און תפילה הימנען;
פון דודס למנצחס און פאַרשוועכטן אָמן.

יאָרן ליידן און נע ונד,
האָבן עם-קשה-ערף ניט געבראָכן.
די אייביק גרייטע וואַנדער יידן,
האָבן מיט סבלנות און בטחון,
גענערט — אין פּיין און ליידן —
דעם חלום פון גאולה און נצחון.

# בויער

מיט שטיינער און דערנער,
מיט כלערליי שטערער
איז דער וועג פונם בויער
שווער אומגעהויער.

פאַרחרובט, פאַרלאָזן
פון גיפטיקע גראָזן
איז יעדער שפּאַן באָדן
באַלאָדן.

דער טראָט פול מיכשולים,
אויף וועגן די עולים;
פאַרפרעמדעט — פאַרצייטן
קומען פון ווייטן; —
פון מעלאַם-צלמות
צום לאַנד פון די אָבות,
באַפּאַנצערט מיט גלויבן
דאָס לעבן דערהויבן.

צום בויען און שאַפן
מיט טראַקטאָר און וואָפן;
קעגן שונא באַהאַלטן
אין פעלזיקע שפּאַלטן.

דער אַקער און האַמער
מיט מוסקול און קלאַמער,
געכפלט גבורה מיט אייזן
וועלן וואונדער באַווייזן.

# אַ גואל איז ערגעץ פֿאַראַן

מיר ווערן צעטראָטן ווי גראָז,
אויף וועגן פֿון פֿעלקער געראַנגל.
געיאָגטע ווי שוצלאָזע האָז,
מיר לויפֿן אין בלוטיקן דזשאָנגל. —

מיר זייען אין פֿעלקער דעם גלויבן
אין פֿרייהייט און פֿרידן־געשאַנק,
מיר שטרעבן די אומות דערהייבן,
צום אַחרית־הימים געדאַנק.

ווי ווייניק מיר ווערן פֿאַרשטאַנען
און פֿרעמד איז דאָך זיי אונדזער וואָרט; —
— אַז אַ גואל איז ערגעץ פֿאַראַנען,
— געבונדן ער ליגט אויף זיין אָרט...

מיר גייען צו אים דעם באַפֿרייער,
מיר הערן פֿון ווייטן זיין שטים.
מיר ווערן געלייטערט אינם פֿייער
פֿון דעם אייביקן אמת אין אים...

# געשען איז דער וואונדער

געשען איז דער וואונדער
פון דורות דער שטרעבן.
דער וואונדער פון וואונדער —
אין די טעג פון מיין לעבן;

פון דעם חלום די היטער,
אין קינות און תפילות;
מיט טרערן און ציטער —
דורך יאָרן פון גלות.

איז באַשערט מיר די זכיה
דעם נס צו דערלעבן;
מיט בלוט האָט דער גורל
אַ היים אונדז געגעבן.

גרויס איז דער פדיון
און בלוטיק דער קרבן
האָט זיין ערד
און מדינה דערוואָרבן.

פאַר לאַנד און פאַר היים
זיין דער שומר און בויער;
פריי שאַפן אין פריידן —
פאַרטרייבן דעם טרויער.

געבענטשט איז די שעה
ווען דער נס איז געשען;
דאָס געבורט פון מיין לאַנד
האָב איך ביים לעבן דערזען.

# אינהאַלט:

## א

## מיין היים



## ב

## אין אַמעריקע

## ג

## דו...



## ד

## קאַליפאָרניער מאָטיוון



## ה

## דער נס איז געשען